ק. קאוטסקי.

# ענטוויקלונג פון רעגירונג און שטאאט

איבערזעצט דורך א. ליטווין.

פערלאג „פראגרעס“ ווארשא נאלעווקי 36




תרס"ו—1906

№ 44

פרייז 10 קאפ'

К. КАУТСКІЙ

Развитіе Государственнаго Строя на Западѣ.



Изданіе Книгоиздательство „Прогрессъ," Варшава, 1906 г.

# I.

# דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע אָרְדְנוּנְג אִין דִי אוּר־אַלְטֶע צַייטֶען.

~~~~~~~~~~

מען זאָגט, אַז אִין דִי אוּראַלטע צַייטען האָט עקסִיסטִירט אַ פּשוּט׳ע פאָלקסגעזעצגעבונג, דאָס הייסט: נִיט דִי העכערע קלאַסען, נאָר דאָס פאָלק אַליין האָט געמאַכט פאַר זִיך געזעצע. דִי וואָס האַלטען פון אַזאַ אֵיינפאַכע פאָלקסגעזעצגעבונג, ברענגען אויף דעם ראַיות פון דִי גאָר אַמאָלִיגע דײַטשען ווִי זייַ ווערען בעשרִיבען פון יוליוס צעזאַר און דעם בערִיהמטען אַלטען רוימִישען הִיסטאָרִיקער טאַצִיטוס. לויט אָט דִי בעשרײַבונגען, מאָלען זייַ שענע בִּילדער פון יענעם פרײַען און גלִיקלִיכען צושטאַנד אִין וועלכען דִי מענשען האָבען דאַמאָלס געלעבט.

לאָמִיר זִיך אויך ווענדען צו יענע אַלטע צַייטען. אַז מִיר וועלען בעקאַנט ווערען מִיט דִי יסודות פון דער פאָלקסטִימלִיכער געזעצגעבונג און מִיט דִי אורזאַכען פון אִיהר פערשווִינדען, וועלען מִיר בעסער פערשטעהן דִי הײַנטִיגע שטרעבונג צו אַ דִירעקטע פאָלקסטִימלִיכע געזעצגעבונג.

אֵייגענטלִיך קען מען הײַנט גאָר נִיט רעדען וועגען אַ פאָלקסטִימלִיכע געזעצגעבונג, אַזוי ווִי עס אִיז געווען בײַ דִי דײַטשען אִין דִי צַייטען פון יוליוס צעזאַר, אָדער בײַ אַנדערע פעלקער, וואָס שטעהען אויף דער זעלבִיגער שטופע פון ענטוויקלונג.
~~~~~~~~~~

דען אין אזא ענטוויקלונגס צושטאנד האבען אייגענטליך געזעצע נאך גאר ניט עקסיסטירט. די טהעטיגקייט פון די פאלקס פערזאמלונגען ביי די אלטע דייטשען איז גאר ווייניג עהנליך צו דעם וואס מיר רופען יעצט געזעצגעבונג. דאס איז געווען א פערזאמלונג פון אלע מענער פון'ם שטאם וואס זענען געווען פעהיג צו טראגען געוועהר. דא האט מען ארומגעקלערט אלע ענינים וואס זענען געווען שייך צום שטאם.

די דאזיגע פערזאמלונג האט אויסגעקליבען בעאמטע, האט גע'משפט פערברעכער, האט געמאכט א פשרה אין א קריעג, וואס פלעגט זיך מאכען אין דעם שטאם גופא, האט רעגולירט די פערהעלטניסע מיט אנדערע שבטים און ז. וו.

אזוי ווי די געזעלשאפטליכע פערהעלטניסע האבען זיך כמעט ניט געענדערט אין א משך פון הונדערטער יאהרען, זענען אויך די געזעלשאפטליכע ענינים אין דעם שבט געבליבען געוועהנליך די זעלבע; דאריבער האבען אין די בעשליסע פון דעם שטאם'ס פערזאמלונגען א גרויסע ראלע געשפיעלט די מנהגים און די אלטע לייט וואס האבען זיי גוט געדענקט.

פונקט אזוי ווי אין די ענינים פון'ם שטאם איז געווען די העכסטע אינסטאנץ — די פאלקס פערזאמלונג, אזוי איז אויך אין אלע קלענערע אבטיילען פון'ם שטאם די העכסטע אינסטאנץ געווען די פערזאמלונג פון אלע מענער וואס זענען פעהיג צו טראגען געוועהר, וועלכער האבען בעלאנגט צו דער אדער יענער אבטיילונג.

ווען מיר וועלען זיך ווענדען צו די פעלקער וואס שטעהען אויף דערזעלבער שטופע פון ענטוויקלונג, אויף וועלכער עס זענען געשטאנען דער גרעסטער טייל פון די נארד-אמעריקאנישע אינדיאנער בשעת מען האט ענטדעקט אמעריקא, וועלען מיר ביי זיי געפינען נאך מעהר דעמאקראטישע איינריכטונגען. די פרויען נעהמען ביי זיי אויך אן אנטייל אין די פאלקספערזאמלונגען. ביי די דייטשען אין די צייטען פון יולוס צעזאר אדער אפילו פון טאציטוס, אויף וועלכע עס ווייזען אן אם מעהרסטען די וואס האלטען פון א פאלקס-פערזאמלונג איז, אין פערגלייך מיט די

אינדיאַנער, דער בעגריף „פאָלק״ שוין פערשמעלט. אונטער דאָס וואָרט „פאָלק״ ווערען געמיינט נאָר די מענער, אי דאָס ניט אַלע. עס טרעפען זיך שוין ניט־פרייע מענער וואָס זענען בערויבט פון פאָליטישע רעכטע.

ווי אַזוי זשע האָט דאָס פאַסירט, אַז די פרויען זענען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון׳ם פאָלק ?

דער געוועהנליכער ענטפער אויף אָט דער פראַגע איז די ערקלערונג פון געוואַלט. די מענער האָבען געקראָגען די אויבער־האַנד און אָנגעטהון זייער יאָך אויף די פרויען. אַזוי האָט מען איבערהויפט ליעב צו ערקלערען די אונטערגעוואָרפענהייט פון איין קלאַסע דער אַנדערער; מען זאָגט אַז די מענער, אַלס שטאַרקערע, האָבען פערשקלאַפט די פרויען.

אַ סך נעהמען אָן אָט די טהעאָריע (לעהרע), אַלס אַן אויס־פיהרונג פון דאַרווינ׳ס טהעאָריע, וואָס בעשטעהט אין „כל דאלים גבר״, דער שטאַרקערער הייסט דאָס בעזיגט דעם שוואַכערען. ווען די ניט־גלייכקייט אין קראַפט און אין די גייסטיגע פעהיג־קייטען ביי די איינצעלנע מענשען, האָט — זאָגען זיי — אימער עקסיסטירט און וועט אימער עקסיסטירען, הייסט דאָך דאָס, אַז די געזעלשאַפטליכע אונטערשידען ליעגען אין דער סאַמע נאַטור פון׳ם מענשען און מוזען בלייבען אויף עביג. ענדערן זיך קען סיידען בלויז זייער פאָרם. נאָר ווען די טהעאָריע פון „כל דאלים גבר״ קומט צו אַזוינע אויספיהרונגען, איז דאָך אונפער־שטענדליך, פאַר וואָס האָבען איהר מיט אַזאַ ליבשאַפט אָנגע־נומען די גענגער פון קלאַסען־אונטערשידע. די טהעאָריע פון געוואַלט קען ניט געבען ניט קיין טרייסט, ניט קיין ערקלערונג, דען אויב מען קען פון איהר ברענגען אַ ראיה, אַז די קלאַ־סען־אונטערשידע האָבען אַ פונדאַמענט אין דער נאַטור אַליין, אַז זיי זענען עביג, מוז מען דאָך, אויב מען נעהמט אָן אָט די טהעאָריע, אויך אָננעמען, אַז זיי האָבען עקסיסטירט פון אָבות אַבותינו, זינט מענשען עקסיסטירען.

פון דעסטוועגען ווייסען מיר, אַז פון אָנהויב איז ביי מענשען געווען גלייכהייט; נאָר ביסלעכווייז האָבען זיך ענטווי־

קעלט פערשיעדענע קלאַסען און וואָס העכער מענשען האָבּען זיך ענטוויקעלט אַלץ שאַרפער איז אַרויסגעטראָטען די אונגלייכ־הייט פון די קלאַסען. די אונטערשיעדען צווישען שטאַרקערע און שוואַכערע, צווישען מעהר און וועניגער פעהיגע, וואָס זענען אימער געװען און וועלען אימער זיין, קענען אונז אויף קיין פאַל ניט ערקלערען, פאַר וואָס עפּעס האָט אויף דער אָדער יענער שטופע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, דער אָדער יענער סאָרט כלומרשט שטאַרקערע און קליגערע מענשען דער־פיהלט אַ בּעדערפעניש צו פערשקלאַפען די שוואַכע און קנאַפּ־ענטוויקעלטע, און פאַר וואָס האָט זיך דאָס איינגעגעבּען דוקא אויף אַזאַ שטופע פון ענטוויקלונג?

אַן ערקלערונג דאַרף מען דאָ זוכען, פערשטעהט זיך, ניט אין דער „נאַטור פון'ם מענשען", נאָר אין די בּעזונדערע שטאַפּ־לען פון דער קולטורעלער ענטוויקלונג. ניט די טהעאָריע פון געוואַלט, נאָר אָט די בּעזונדערע שטאַפּלען קענען אונז געבּען אַ שליסעל צו פערשטעהן די קלאַסענאונטערשיעדע, וואָס האָבּען זיך געבּילדעט אין זייער צייט.

דער בּעזונדער כאַראַקטער פון יעדער שטאַפּעל אין דעם מענשענס קולטורעלער ענטוויקלונג ליעגט אין דעם פּראָדוק־ציאָנס־אופן וואָס איז געוועזען אין יענער צייט. דערמיט ערקלערט זיך די בּעזונדערע געזעלשאַפטליכע בּעדייטונג פון פערשיעדענע קלאַ־סען, און די געזעלשאַפטליכע בּעדייטונג פון יעדער קלאַסע בּע־שטימט די ראָלע וואָס זי שפּיעלט אין דער געזעלשאַפט.

די ערשטע צוטיילונג פון אַרבּייט, וואָס מיר בּעגעגענען אין דער היסטאָריע, האָט פּאַסירט צווישען דעם מאַנספּערזאָן און דער פרויענצימער. בּשעת אויף די העכערע שטאַפּלען פון דעם ווילדען צושטאַנד הויבּט זיך אָן ענטוויקלען דאָס הויזליכע לעבּען, ווערט די פערוואַלטונג איבּער דער ווירטשאַפט דער פרוי'ס זאַך; ערווערבּען זיך לעבּענסמיטעל און אַנדערע הויזליכע זאַכען איז שייך צום מאַנספּערזאָן. וואָסערע אורזאַכען האָבּען דאָ געווירקט, דאַריבּער קענער מיר מאַכען בּלויז השערות.

אין משך פון דער גאַנצער לאַנגער פּעריאָדע ווען עס האָט

אָנגעהאַלטען בײַ מענשען דער באַרבאַרישער צושטאַנד, איז דער טעכנישער פראָגרעס פאָרגעקומען הויפּטזעכליך אין די הויזליכע מלאכות, וואָס זענען געפאַלען אויף די פרויען. דאַריבער איז די צאָהל פון די ווײַבערשע מלאכות געווען זעהר גרויס. צו ווײַבערשע אַרבײַט האָט דאַן בעלאַנגט פיה־צוכט און ערד־אַרבײַט; ווײַטער האָט דערצו געהערט דאָס בעאַרבײַטען פון דאָס רוב רויהע מאַטעריאַלען: וועבען, שפּינען, פלעכטען, מאַכען לײַמענע כלים און ז. וו. בײַ אַ סך פעלקער איז אפילו די שווערע אַרבײַט פון בויען הײַזלעך געווען אַרויפגעלעגט בלויז אויף די פרויען.

די צאָהל פון מאַנסבילשע מלאכות אָבער איז אין דער פּעריאָדע פון'ם באַרבאַרענטום געוואַקסען לאַנגזאַם, אָדער איז געשטאַנען גאָר אויף איין אופן. דער מאַנספּערזאָן בלײַבט דאָס וואָס ער איז געווען פריהער: אַ קריגער און אַ יעגער. נאָר דאָרטען וואו די פיה־צוכט ענטוויקעלט זיך אין גרעסערע מאַסען, הויבען זיך אָן צו בעשעפטיגען דערמיט אויך די מענער אָבער מעהרסטענטײַלסט בלויז יונגע לײַט, וואָס זענען נאָך ניט געקומען אין די יאָהרען פון קריגס פיהרען.

עס איז קיין וואונדער ניט וואָס די פרויענצימער, אין פערגלײַך מיט דעם מאַנספּערזאָן, שטעלט זיך פאָר עפּעס ווי אַ מין לאַסט־טהיער. זי איז אַזוי פערוואָרפען מיט אַרבײַט, אַז זי האָט גאָר קיין צײַט ניט צו נעהמען אַן אַנטהײַל אין געזעלשאַפט־ליכען לעבען. איהר איז אונמעגליך צו פערלאָזען די הויז אויף אַ לענגערע צײַט, דען די בעל הבתישקײַט קען אָהן איהר ניט אויסקומען אפילו אַ מינוט.

אָט דערפון האָט פּאַסירט, אַז אין דער פּעריאָדע פון באַרבאַ־רענטום געהט די פרוי ביסלעכווײַז אַראָב פון דער סצענע אין געזעלשאַפטליכען לעבען; זי נעהמט דאַרין אַן אַנטהײַל בלויז דורך די מאַנספּערזאָנען — איהרע פאָרשטעהער, און סוף כל סוף הערט זי אין גאַנצען אויף אין איהם צו בעטהײַליגען זיך,

גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע פון דעם מאַן. זײַן פערברענגען אין דערהײַם איז גאָר ניט נויטיג; ער קען אַוועקגעהן אויף גאַנצע טעג און וואָכען: די הויזליכע געשעפטען לײַדען דערפון

גאָר ניט, און אויף אָט דער שטאַפּעל פון ענטוויקלונג קען ער אָבגעבען זיין ציַיט דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פונקט ווי פריהער אין ווילדען צושטאַנד; אויף וויעפיעל מען קען איבערהויפּט רעדען וועגען געזעלשאַפטליכען לעבען אין ווילדען צושטאַנד. דערצו האָט ער יעצט אפילו מעהר ציַיט ווי פריהער, צוליעב דעם וואָס דער פּרוי'ס אַרבייט איז געוואָרען גרעסער; אויף די העכערע שטאַפּלען פון ענטוויקלונג זענען שוין דאָ שקלאַפען־אונטערהעלפער.

אָט דערפאַר געפינען מיר דאָ אַז די מענער פיהרען זעהר אַ לעבהאַפטען, דעמאָקראַטישען לעבען, האַלטען אָב אַ סך פערזאַמלונגען וועגען אַלערליי ענינים, וואָס דויערן אָפט צו עטליכע טעג, און דערביי ווערען געמאַכט מאָהלצייַטען, — אויף אָט די פערזאַמלונג בעקלערט דאָס פאָלק און בעשליסט אַלערליי געשעפטען.

וואָס וועניגער דער מאַנספּערזאָן איז געוועזען צוגעבונדען צום הויז, אַלץ בּרייטער האָט געקענט ווערען זיין געזעלשאַפטליכער לעבען, וועלכער האָט גאָר ניט פערלאָרען זיין דעמאָקראַטישען אונטערשלאַג. דער פּראָגרעס אין די פּראָדוקציאָנסמיטלען האָט געשאַפט די מעגליכקייט, אַז אויף איין טעריטאָריע (שטיק ערד) זאָלען זיך קענען נעהרען אַ גרעסערע צאָהל מענשען ווי פריהער און דעם מאַנס גרעסער אונאַבהענגיקייט פון'ם הויז האָט איהם ערלויבט צו מאַכען אימער ווייטערע רייזען אום צו בעזוכען די פאָלקס־פערזאַמלונגען.

אויף אַזאַ אופן ווערען די גרענעצען פון איין שטאַם און דעם אַנדערן, אין דער פּעריאָדע פון באַרבאַרענטום, אלץ מעהר ערווייטערט. דאָס ברענגט ענדליך דערצו, אַז איניגע שבטים גיסען זיך צוזאַמען אין איין פאָלק, און ביי דעם פאָלק, אַזוי ווי פריהער ביי דעם שטאַם און נאָך פריהער ביי דער איינצעלנער משפחה איז די פאָלקס־פערזאַמלונג, די העכסטע אינסטאַנץ פאַר אַלע געזעלשאַפטליכע ענינים.

## II.

# דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע אָרְדְנוּנְג בַּיי דִי צִיוִוילִיזִירְטֶע פֶעלְקֶער.

אָבֶער אויף אָט דער שטופֶע בלײַבּט די עֶנטוויקלונג נִיט שטעֶהן; אַסך פעֶלקער זעֶנען איהר דורכגעֶגאַנגען און דערגרײַכט אַ שטופֶע פון ציוויליזאַציעֶ.

אַלס וויכטיגסטער מיטעֶל האָט דערצו געֶדיענט די עֶנטוויקלונג פון עֶרד־אַרבּייט. וואָס ווײַטער איז זי אַלץ מעֶהר אַרויסגעֶטראָטען אויפ'ן עֶרשטעֶן פּלאַן; געֶיעֶג און גאַנץ אָפּט אַפילו פיהצוכט (אויסעֶר די עֶרטער וואָס טויגעֶן לחלוטין נִיט פאַר עֶרדאַרבּייט) שפּילעֶן שוין וואָס ווײַטער אַ קנאַפּעֶרע ראָלעֶ. עֶנדליך ווערט געֶיעֶג, אַנשטאָט אַ מיטעֶל צו בּעֶקומעֶן זיך שפּײַז, אַ ספּאָרט, אַ שפּיעל־זאַך צו פערטרײַבּען די צײַט. בּעֶזונדערס שנעֶל האָט אָט די איבּערקעֶהרעֶנִיש פּאַסירט אונטעֶר דעֶם אײַנפלוס פון דער רוימישער קולטור, בּײַ די דײַטשעֶן, בּשעת פעֶלקער־וואַנדערונג. נאָר מיר ווילעֶן נִיט רעֶדעֶן דאָ ווענעֶן יענעֶ נײַעֶ פאָרמעֶן, וואָס די רוימישעֶ קולטור האָט זיי אַרויסגעֶרופעֶן; מיר ווילעֶן זיך בּלויז אָבּשטעֶלעֶן אויף די קעֶנטיגערעֶ, מערקווירדיגערעֶ זײַטעֶן אין דער עֶנטוויקלונג פון די דײַטשעֶ פעֶלקער.

וואָס מעֶהר די עֶרד אַרבּייט (און מיט איהר צוזאַמעֶן אויך די פיהצוכט) האָט אָנגעֶהויבּען צו ווערעֶן די הויפּט־קוועֶלעֶ פון הכנסות פאַר די קלײַנעֶ געֶמײַנדעֶן, אָדער פאַר די פּאַטריאַרכאַלעֶ פאַמיליעֶן, אַלץ וועֶניגער האָבּען געֶקלעֶקט דער פרוי'ס קרעֶפטען אום אויסצופיהרעֶן די ווירטשאַפטליכעֶ בּעֶשעֶפטיגונגעֶן.

אין די צײַטעֶן פון דעֶם רוימישעֶן היסטאָריקער טאַציטוס, האָבּען איהר שוין געֶמוזט העֶלפעֶן בּײַ אַרבּייטעֶן די עֶרד —

די שקלאַפען, און אויך די פרייע מענער פון דער פאַמיליע, וואָס זענען ניט פעהיג געווען צו טראָגען געוועהר — די קליינע קינדער, די אונטער געוואַקסענע קינדער, און די אַלטע לייט. אין גיכען האָבען שוין געמוזט נעהמען אַן אַנטהייל אין דער אַרבייט אויך די קריעגער אַליין. די יעגער און די קריעגער זענען אין דער צייט פון דער פעלקער־וואַנדערונג געוואָרען ערדאַרבייטער! אַזוי ווי די פרויען, בלייבען זיי יעצט שטוביגע מענשען. די ערדאַרבייט דערגרייכט שוין יעצט אַ נישט קשה'דיגע שטופע פון ענטוויקלונג, די הייזער איז שוין שווער איבער צוטראָגען, ווי פריהער די געצעלטען, פון איין אָרט אויף דעם צווייטען. די מענשען הערען יעצט אויף אומצוּוואַנדערען מיט זייערע געצעלטען און בלייבען זיצען פעסט אויף איין אָרט.

אָט די איבערקעהרעניש אין דעם אופן פון פּראָדוקציאָן ברענגט צו אַ איבערקעהרעניש אין דער גאַנצער פּאָליטישער און סאָציאַלער אָרדנונג.

אויף די פריהערדיגע שטאַפּלען פון דער קולטורעלער ענטוויקלונג, האָט דער קריעג געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דער פּראָדוקציאָן; דאָס איז געוועהנליך געווען אַ קאַמפּף פאַר דער וויכטיגסטען פּראָדוקציאָנס־מיטעל, פאַר דער טעריטאָריע וואָס איז נויטיג פאַר געיעג און פיהצוכט. די טעריטאָריע האָט מען געדאַרפט פערטיידיגען, אָדער איינעהמען. וואו אַ ווילדער שבט האָט געלעבט אין שבנה'שאַפט מיט אַ ציוויליזירטען, דאָרטען איז די מלחמה ניט געווען בלויז אַ קאַמפּף פאַר אַ טעריטאָריע, דאָס איז אויך געווען אַ רויבערישער אָנפאַל; אַזאַ אונטערנעהמונג האָט געבראַכט די קריעג־לוסטיגע באַרבאַרען רייכען רויב. עס זענען געווען אויך אַזוינע באַרבאַרישע שבטים, וואָס זייער איינציגער ערווערבסמיטעל איז געוועז ראַבירען די ציוויליזירטע שכנים; זיין אַ קריעגער ביי אַזוינע אומשטענדען איז געווען זעהר פּאָרטיילהאַפט און געקאָסט האָט דאָס זעהר ווייניג. דאָס געוועהר וואָס איז געווען נויטיג צו דער מלחמה, איז דאָס רוב געווען דאָס זעלבע וואָס מען פלעגט ברויכען אויף געיעג, וואָס איז געווען דער וויכטיגסטער ערווערבסמיטעל. און צייט אויף צו

פיהרען מלחמות, ווי מיר האבען געזעהן, האט ניט געפעהלט.
א גאנץ אנדער ווענדונג נעהמט די זאך, ווען די פאסטוכער־שבטים, אדער יעגער־שבטים געהען איבער צו ערדארבייט. פון קריג פיהרען קען דער ערד־ארבייטער ניט בעקומען פאר זיך קיין גרויסען געווינס. זיצענדיג אויף זיין ערד, נויטיגט ער זיך ניט אין א פרעמדער טעריטאריע; אום צו פערנעהמען נייע ערד, זאלט איהם אויסקומען א וועקוואַרפען די ערד וואס ער האט מיט גרויס מיה ערוואָרבען. פון רויבעריי קען ער אויך ניט ארויסזעהן פאר זיך קיין גרויסע גליקען, דען וואס קען ער בעקומען ביי די שכנים וועלכע שטעהען אויף דער זעלבער שטופע פון ענטוויקלונג ווי ער אליין, אדער נאך נידריגער פון איהם? אבער ווען די נוצען, וואס מען קען בעקומען פון דער מלחמה, ווערען פאר איהם ווייניגער, ווערען אבער דערפאר די שוועריגקייטען איהרע גרעסער. די נייע פראדוקציאנס־מיטלען טויגען שוין ניט אויף צו פיהרען קריעג. צוזאמען מיט דער טעכניק פון דער ערד ארבייט ענטוויקעלט זיך אויך די טעכניק פון קריג. די מלחמה הויבט שוין אן צו פאדערן טייערע כלי זיין, וואס טויגען שוין גאר ניט פאר דעם האָרעפּאַסנעם לעבען.

אבער די וויכטיגסטע זאך בעשטעהט דא אין דעם: דער ערד־ארבייטער איז צוגעשמידט צו זיין הויז און ערד! עס טרעפט צייטען ווען ער קען ניט פערלאזען די ערד, ווייל דאס ברענגט איהם א אונגעהייערען שאדען. דאריבער איז א דויערנדער קריעג געפעהרליך פיר זיין איינענער עקסיסטענץ און דער עקסיסטענץ פון זיין פאמיליע.

פריהער איז צו זיין א קריעגער געווען זיין שטאלץ, זיין רעכט; יעצט ווערט דאס זיין פפליכט. און די פפליכט ווערט וואס ווייטער אלץ שווערער; דער פרייער ערד־ארבייטער מוז ווערען א בעל חוב און דאס מאכט איהם פערשקלאפט, מאכט איהם פאר א בעטלער און פון זיין בעל הבתישקייט ווערט א תל.

נאך צי פיהרען קריעג, צי ניט — דאס העננט ניט אב פון דעם פויערם ווילען. מיר וועלען דא ניט רעדען וועגען די מלחמות וואס מען פלעגט פיהרען אום איינצונעהמען פרעמדע

לענדער, דאָס וואָלט אונז פערפיהרען צו ווייט. די ערד אַרבייטער לעבען אין אַ גוטען שטאַנד און דאָס גיט צו השק די וואַנדער־שבטים וואָס לעבען אַן אָרעמען פאַסטוכער־לעבען אָנצופאַלען אויף זיי און בעראַבעווען זיי; דער ערד־אַרבייטער מוז אָפטמאָל אַוועקוואַרפען זיין אַרבייט אין פעלד און גרייטען זיך צו פערטיידיגען זיין גוטס.

וואָס טהוט מען אין אַזאַ לאַגע? אום ניט צו פערלירען אַלץ, מוז דער ערד־אַרבייטער אָפּפערן אַ טייל פון זיין פערמעגען. די אַרבייט האָט אויף דער דאָזיגער קולטורעלער שטופע דערגרייכט אַזאַ ענטוויקלונג, אַז דעם פויער בלייבט נאָך עפּעס איבער אַ חוץ דעם וואָס איז נויטיג פאַר זיין חיונה. אָט דאָס איבערבלייבעכטס ערלויבט די ערד־אַרבייטער צו דינגען זיך בעשיצער. דורך דעם וואָס זיי האַלטען אויס אַ בעזונדער קלאַס מענשען, גיבען די ערד־אַרבייטער די דאָזיגע מענשען די מעגליכקייט צו בעשעפטיגען זיך בלויז מיט קריעגס־מלאכה אַז זיינע בעל הבתישקייט זאָל דערפון ניט ליידען קיין היזק. פונקט אַזוי ווי פריהער אין דער פעריאָדע פון דעם באַרבאַרענטום פלעגט דער פרויענצימער'ס האָרעוואַניע געבען די מעגליכקייט די מענער צו לאָזען זיך אין ווייטע וואַנדערונגען אויף געיעג, אָדער אויף מלחמה. אָט די קלאַסע נעהמט אַראָב פון די ערדאַרבייטער די מיליטער־פפליכט און פערטיידיגט דאָס לאַנד און זיין בעפעלקערונג.

אָט דאָס זענען די עקאָנאָמישע אורזאַכען וואָס האָבען אַרויסגעבראַכט די קאַסטע (כתה) קריעגער. אָט די קאַסטע, לויט די פערשידענע היסטאָרישע בעדינגונגען, ביי וועלכע זי האָט זיך געבילדעט, נעהמט אָן די סאַמע פערשידענע פאָרמען. אין איין אָרט זעהען מיר אַז די פיהרער פון די שבטים און פאַמיליען און אַנדערע בעאַמטע פון דער געמיינדע, צוזאַמען מיט זייערע סוויטעס און בעדינער, ווערען אַ מין מיליטערישע אַריסטאָקראַטיע; אין אַן אַנדער אָרט בילדעט די זעלבע אַריסטאָקראַטיע אַ פרעמדער באַרבאַרישער שטאַם, וואָס האָט זיך אַריינגעריסען אין לאַנד, און האָט אונטערטהעניג געמאַכט די איינגעבאָרענע בעפעלקערונג; ווידער אין אַ דריטען אָרט האָט די

דאָזיגע ראָלע געשפּיעלט די האָרדע (הויפען, באַנדע) געדונגענע קריעגער, און ז. וו.

נאָר ווי פערשידענאַרטיג עס זאָלען ניט זיין די פאָרמען פון די מיליטער־קאַסטען, זיי יאַווען זיך אומעטום, וואו ערד־אַרבייט ווערט דער עיקר פון דער פראָדוקציאָן; א חוץ די יעניגע ער־טער, פערשטעהט זיך, צו וועלכע עס איז גאָר שווער צוצוקומען, ביי אָט דער ענטוויקלונגס־שטופע איז די מיליטערישע קאַסטע אַן עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט. אמת, ביי דער ענטשטעהונג פון דער דאָזיגער קאַסטע בעמערקען מיר אָפט אַקטען פון גע־וואַלט, אָבער דאָס בעווייזט גאָר נישט. די קראַפט איז ניט די מוטער, נאָר די אַקושערין פון דער נייער געזעלשאַפט.

נאָר דאָס וואָס האָט פּאַסירט מיט דעם מיליטער־דיענסט, האָט אויך פּאַסירט מיט דער געזעלשאַפטס־פערוואַלטונג, מיט דער געזעצגעבונג און מיט'ן געריכט. די געזעל־שאַפטליכע פאָרם איז שוין ניט געווען אַזוי פּשוט ווי פריהער; עס האָט זיך ענטוויקעלט אַרבייט־צוטיילונג, עס איז ענטשטאַנען די צוטיילונג פון דער בעפעלקערונג לויט דער בעשעפטיגונג אין די קלאַסען; פּריוואַט אייגענטום האָט זיך פער־מעהרט; זיין בעדייטונג איז געוואָרען גרעסער. די געזעלשאַפטס־פערוואַלטונג, געזעצגעבונג און געריכט זענען געוואָרען פערדרעה־טער און שווערער. די פריהערדיגע פאָלקס־פערזאַמלונגען וואָס מען פלעגט מאַכען פון ציַיט צו ציַיט, אום אַרומצוקלערען און בעשליסען די אַלע זאַכען, האָבען זיך געפיהרט אויף אַלט פרענקישען פּשוט'ען שטייגער, לויט די טראַדיציעס (מסורה וקבלה) פון די עלטער־עלטער זיידעס. יעצט האָט שוין אַזאַ פיהרונג ניט געקענט בעפריעדיגען די בעדערפעניש פון דער געזעלשאַפט. און ווען די אויפגאַבען פון די פאָלקספערזאַמלונגען זענען געוואָרען מעהר און גרעסער, האָט די פאָלקס־מאַסע פער־לאָרען דעם חשק; זי האָט אויך ניט געהאַט די מעגליכקייט, צו בעזוכען זיי ווי עס בעדאַרף צו זיין.

אָט אַזוי האָט דער ערד־אַרבייטער וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַרויפגעלעגט אויף אַנדערע ניט בלויז די מיליטער־פפליכט, נאָר

אויך זײַנע פּאָליטישע און געריכטליכע פפליכטען; עס פערשטעהט זיך, אַז ער האָט דערפאַר בעצאָהלט.

נאַטירליכער איז געווען איבערצוגעבען אָט די זאַכען דיזעל־בע מענשען וואָס האָבען אויף זיך גענומען אויך די מיליטערישע פפליכט. אין דער ווירקליכקייט זעהען מיר, אַז אומעטום, וואו די דאָזיגע ענטוויקלונג איז פאָרגעקומען ניט אונטער דעם איינפלוס פון אַ העכערע קולטור, ווי צום בײַשפּיעל, אין עגיפּטען, איז פון אָנפאַנג געווען בלויז איין הערשענדע קלאַסע, אָדער קאַסטע. שפּעטער ווערט אָט די קלאַסע געוויעהנליך פונאַנדערגעפאַלען אויף צווייען: די קלאַסע פון די קריגער און די קלאַסע פון די פריסטער, וועלכע פיהרען אויס די וויכטיגסטע אויפגאַבען פון פערוואַלטונג, געזעצגעבונג און געריכט.

אָט אַזוי זעהען מיר ווי אין אָנפאַנג פון דער ציוויליזאַציאָנס־פעריאָדע פערשווינדען דעם פאָלק'ס אַלטע פרייהייטען וואָס ווייטער אַלץ מעהר. ניט די שלעכטסקייט און הערשזוכט פון די שטאַרקע האָט זיי אַוועקגעשאַפט, נאָר די ענטוויקלונג פון די פּראָדוק־ציאָנס מיטלען.

מיר זעהן, צום בײַשפּיעל, ווי אין דער צײַט, ווען די פאָלקס־פרייהייטען זענען געפאַלען בײַ די מערב־דײַטשען, שטרע־בען גאָר ניט די קעניגע און זייערע בעאַמטע צו דערשטיקען אָדער צו בעשרענקען די פערזאַמלונגען; פערקעהרט: די פּערזאָנען וואָס קומען ניט אויף די „טינגעס" (פאָלקס־פערזאַמלונגען) ווערען דערפאַר בעשטראָפט.

און ווירקליך, ביז וואַנען בײַ די דײַטשען האָבען זיך ניט געבילדעט אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבען אויף זיך גענומען די פפליכ־טען פון די פאָלקס־פערזאַמלונגען, האָט דאָס פעהלען פון אָט די פערזאַמלונגען אָדער זייער אונטהעטיגקייט זיך געדאַרפט אָברופען זעהר שלעכט אויף דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען. עס פער־שטעהט זיך, אַז ווען אָט די אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך געבילדעט און האָבען אַרײַנגענומען אין זייערע הענד די מאַכט און רייכטימער, האָט זיך די גאַנצע אָרדנונג אומגעביטען. דאַן ווערט יעדער פערזוך, אײַנצופיהרען איבער אַ נײַעס די אַלטע פרייהייטען,

בעטראַכט ווי אַ בונט געגען די יסודות פון מאַכט און רייכטום פון די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס. דאָך אָבער איז דער שורש פון דער מאַכט וואָס די גייסטליכע און די מיליטערישע אַריסטאָקראַטיע האָבען בעזעסען, געלעגען אין זייער עקאָנאָמישער נויטווענדיגקייט.

פון דעסטוועגען איז דער פאָלקס־פרייהייט ניט אין גאַנצען פערניכטעט אין דער פעריאָדע, ווען די הערשאַפט איז געלעגען אין די הענד פון דער גייסטליכטקייט און דער אַריסטאָקראַטיע; דאָס געביעט פון דעם פאָלקס פרייהייט ווערט בלויז פערשמעלט. די פויערן האָבען שוין ניט קיין געלעגענהייט, ניט קיין צייט צו נעהמען אַנטייל אין רעגולירען די ענינים פון'ם שבט אָדער פאָלק, נאָר די פערוואַלטונג איבער די ענינים פון דער געמיינדע בלייבט אין זייערע הענד. דאָס איז פאַר זיי גענוג. יעדע פויערן־געמיינדע ווערט אַבעל הבית'טע פאַר זיך, פיהרט איהרע אייגענע געשעפטען, און וואָס ווייניגער בעריהרונג זי האָט מיט דער אַרומיגער וועלט, אַלץ בעסער לעבט זי. דאָס אינטערעס צו די ענינים פון'ם גאַנצען שטאַאַט, דאָס שטאַאַט־געפיהל ווערט פערשוואונדען וואָס ווייטער אַלץ מעהר; די געמיינדע ווערט דעם פויערס וועלט; זיין פאָליטיק ווערט אַלץ מעהר בעשרענקט, ווערט בלויז אַ דאָרף־פאָליטיק.

און וואָס ווייטער אָט די ענטוויקלונג פאַסירט, אַלץ מעהר הויבען אָן נייע געמיינדען, נייע שטאַאַטען, וואָס זענען ענטשטאַנען פון איינעם אָדער פון עטליכע אַלטע שבטים, צו פערלירען זייער אָרגאַנישע גאַנצקייט, דאָס הייסט: זיי זענען שוין ניט מעהר צונויפגעבונדען ווי גלידער פון איין אָרגאַניזם. אין די צייטען וואָס זענען געווען פאַר דער ציוויליזאַציע, איז דער שבט געווען געבויט אויף דער פעסטער פערבינדונג פון אַלע זיינע מיטגלידער. דער שטאַאַט אָבער פון וועלכען מיר רעדען יעצט, ווי צום בייספיעל דער פעאָדאַלער שטאַאַט פון'ם מיטעלאַלטער, אָדער דאָס רוב מלוכות פון די מזרח־לענדער, ווערט געגרינדעט כמעט בלויז אויף דעם בונד פון די הערשענדע קלאַסען, די אַריסטאָקראַטיע און די גלהים. די איינצעלנע געמיינדע האָט מיט'ן שטאַאַט קיין שום אָרגאַנישע פערבינדונג ניט.

אַ שבט קען מען פערניכטען אָדער פערטרייבען, נאָר אָבשניידען פון איהם איינצעלנע טיילען, וואָסערע עס געלוסט זיך, און איינשליסען זיי אין אַנדערע שבטים — דאָס איז אונמעגליך. דער שטאַאַט אָבער פון'ם מיטעלאַלטער און פון די מזרח־לענדער איז ניט מעהר ווי אַ מין קאַשע וואָס איז צונויפגעמישט פון פערשידענע געמיינדען; דערביי קען מען יעדער געמיינדע אָבטיילען און אַריינטהון אין אַ אַנדער שטאַאַטס־קאַשע, און דאָס מאַכט ניט קיין וועזענטליכע ענדערונג אין איהר לעבען. אַ גליקליכער זיעגער, אָדער אַ געשיקטער ספעקוליאַנט קען אויף דער דאָזיגער שטופע פון ענטוויקלונג גאַנץ לייכט גרינדען אָדער צונויפשדכ'ענען אַ גרויסע מלוכה *). דערפאַר ווערט דאָס אָבער אויך אַזוי גיך צופאַלען אונטער דעם דרוק פון פיינד.

די מיטגליעדער פון דער דאָרפישער געמיינדע אינטערעסירען זיך גאָר ניט מיט די ענדערונגען וואָס קומען פאָר צווישען די הערשענדע קלאַסען. די דאָזיגע ענדערונגען האָבען צו זיי אויך וועניג שייכות, דען פאַר זיי איז אַלץ איינס צי וועלען זיי אַרבייטען אָדער צאָהלען פאָדאַטקעס דעם אָדער יענעם פריץ, און ווען אפילו זיי וואָלטען וועלען זיך שטעלען ענטגעגען וועלכע עס איז ענדערונג, וואָלט זיי דערפון ניט אַרויסקומען קיין גרויסער נוץ, דען די דאָרפישע געמיינדע, לעבענדיג פאַר זיך און אָבגעזונדערט פון דער וועלט, איז כמעט פאָלקאָם שוצלאָז געגען דער שטאַרקער אָרגאַניזאַציע פון די הערשענדע קלאַסען פון'ם גאַנצען שטאַאַט.

---

*) דער פערפאַסער מיינט דאָ די דאָזיגע אָרדנונג, ביי וועלכער מען פלעגט אָבגעבען גאַנצע לענדער אין נדן פאַר די טעכטער פון די הערשענדע פערזאָנען. פון די גרויסע מלוכות איז אויף אַזאַ אַרט צונויפגעשדכ'ענט געוואָרען דאָס היינטיגע עסטרייך.

## III.

# די שטאָדטיגע דעמאָקראַטיע אין די אַלטע צייטען.

ביי בעסערע אומשטענדען האָט דאָס געמיינדע לעבען געדיענט אַלס אַ פונדאַמענט אויף וועלכען די דעמאָקראַטיע האָט זיך אויפגעהויבען אויף דאָס ניי.

די ענטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע האָט בעשאַפען און ענטוויקעלט פראָפעסיאָנען און האַנדעל, אין אייצעלנע געמיינדען, וואו דאָס איז געוועזען מעגליך, לויט זייער פּאָליטישער אָרדנונג און געאָגראַפישער לאַגע. אויב זיי זענען געלעגען, צום ביישפּיעל, נאָהנט פון אַ גרויסער שטאָדט, נעבען אַ גרויסען טייך אָדער ביין ים, האָט דאָס געגעבען זיי די מעגליכקייט לייכט אָבצוזעצען די געמאַכטע סחורות, און פערבינדען מסחר מיט אַנדערע קאַנטען. זייער בעפעלקערונג און גוטער שטאַנד האָט געוואַקסען; אום צו בעשיצען זייערע רייכטימער האָבען זיי זיך אַרומגעצוימט מיט ווענד און פון די דערפער זענען געוואָרען שטעדט. ווען עס האָט געגליקט זענען די שטעדט געוואָרען גרויס און מעכטיג. אַ סך פון זיי איז געראָטען צו בלייבען ביי זייער אונאַבהענגיקייט, אָדער, ווען זיי האָבען זי פריהער פערלאָרען, האָבען זיי איהר ווידער בעקומען. אַנדערע פון זיי איז אַפילו געלונגען צו קריגען די הערשאַפט איבער אַנדערע געמיינדען, צו גרינדען נייע מלוכות, וואָס זענען אָפט געוועזען אַזוי גרויס ווי אַנדערע קעניגרייכען. עס איז בעקאַנט וואָס פאַר אַן אונגעהייערע וועלט־מלוכה עס האָט געגרינדעט די געמיינדע רוים.

אין דערזעלבער צייט ווען די מאַכט און די רייכטימער פון די שטאָדטיגע געמיינדען האָבען געוואַקסען איז אינוועניג אין די געמיינדען גופא פאָרגעקומען אַ מורא'דיגער קאַמפף.

לכתחילה איז יעדעם דערפעל געוועזען צו דערזעלבער צייט

אַ בעֶזוּנדעֶר דאָרפיִשעֶ געֶמייַנדעֶ (אַמאַרק בײַ די דייַטשעֶן). די ערד וואָס איז ניט געֶוואָרעֶן קיין פּריוואַט־אייגעֶנטום, האָט געֶהייסעֶן דאָרף־מאַרק און האָט בעֶלאַנגט צו דעֶר גאַנצעֶר געֶמייַנדעֶ. די אײַנוואָהנעֶר פון'ם דאָרף זעֶנעֶן אויך געֶוועֶן די מיטגליעדעֶר פון דעֶר „מאַרק”, זיי פּלעֶגעֶן זיך בעֶנוּצעֶן מיט דעֶר געֶמייַנדעֶ־ערד אַלעֶ צוזאַמעֶן, אָדעֶר יעֶדעֶר בעֶזונדעֶר, לויט בעֶשטימטעֶ כללים וואָס די געֶמייַנדעֶ האָט אויסגעֶאַרבייט.

אַז אין דעֶר געֶמייַנדעֶ איז געֶקומעֶן אַ פרעֶמדעֶר, — וואָס דאָס פּלעֶגט פּאַסירעֶן זעֶלטעֶן, ווייל די פויערעֶן האָבעֶן געֶלעֶבט אײַנגעֶזעֶסעֶן, יעֶדעֶר אין זײַן דאָרף, — האָט מעֶן דעֶם פרעֶמדעֶן — ווען מען האָט איהם צוגעֶנומעֶן פאַר אַ מיטגליעד אין דעֶר געֶמייַנדעֶ — אויך געֶגעֶבעֶן אַ רעֶכט צו בעֶנוּצעֶן זיך מיט דעֶר קהל'שעֶ ערד; דען ערד איז געֶוועֶן פון אַנפאַנג איבעֶר גענוג.

דאָס אַלץ האָט זיך געֶעֶנדעֶרט פריהעֶר ווי אומעֶטום אין די שטעֶדט. די שטעֶדט האָבעֶן געֶהאַט אין זיך אַזוינעֶ מעֶלות, אַז זיי פּלעֶגעֶן צוציהעֶן צו זיך ווי אַ מאַגנעֶט די בעֶפעֶלקעֶרונג פון די נאָהנטסטעֶ און אויך פון די ווייַטעֶרעֶ אַרומיגעֶ געֶגעֶנדעֶן, און צייַטעֶנווייז אַפילו אויך די אויסלעֶנדעֶר. די צאָהל פון די אײַנגעֶוואַנדעֶרטעֶ פרעֶמדעֶ איז געֶוואַקסעֶן, ערד האָט שוין ניט געֶקלעֶקט פאַר אַלעֶמעֶן און דאַריבעֶר האָט זי בעֶקומעֶן אַ ווערטה. דעֶר פּועל יוצא דעֶרפון איז געֶוועֶן, אַז די מיטגליעדעֶר פון דעֶר דאָרפמאַרק האָבעֶן אויפגעֶהעֶרט אײַנצוטיילעֶן ערד די נייַעֶ אָנגעֶקומעֶנעֶ. די דאָרפמאַרק ווערט אַ פעֶרשלאָסעֶנעֶ געֶזעֶלשאַפט וואָס נעֶהמט אַרײַן אין זיך בלויז אַ טייל מיטגליעדעֶר פון דעֶר געֶמייַנדעֶ. אינוועֶניג, אין דעֶר שטאָדטיגעֶ געֶמייַנדעֶ, עֶנטשטעֶהט אַ קאָנטראַסט צווישעֶן די אינטעֶרעֶסעֶן פון די און יעֶנעֶ מיטגליע־דעֶר. איין טייל פון זיי זעֶנעֶן געֶוועֶן די בעלי בתים אויף די ערד, זעֶנעֶן געֶוואָרעֶן אַ פּריצישעֶ און האַנדעֶלס־אַריסטאָקראַטיעֶ און די איבריגעֶ מיטגליעדעֶר פון דעֶר געֶמייַנדעֶ זעֶנעֶן געֶוועֶן — דעֶר המון, דאָס פּראָסטעֶ פאָלק, וואָס איז ניט בלויז געֶוועֶן בעֶרויבט פון זײַן רעֶכט צו בעֶנוּצעֶן זיך מיט קהל'שעֶר ערד,

נאָר אַפילוּ קײן רעכט ניִט געהאַט אַנטײל צוּ נעמען איִן דיִ פערזאַמלונגען פוּן מאַרק־לײַט. אוּן אָט דיִ פערזאַמלוּנגען האָבען געהאַט דיִ געזעצגעבענדע אוּן אַ טײל אויך דיִ געריכטליִכע מאַכט אוּן דיִ קאָנטראָלע איִבער דיִ פערוואַלטוּנג פוּן דער געמײנדע.

דיִ אויסגעשלאָסענע מיִטגליִעדער פוּן דער דאָרפגעמײנדע האָבען געדוּלדעט זײער רעכטלאָזיִגקײט נאָר ביִז אַ צײַט, כל זמן זײ זענען געווען דיִ קלענערע צאָהל, אָדער זײ זענען געווען אָרעמער פאַר דיִ מיוּחסים פוּן דער געמײנדע. אָבער דיִ עקאָנאָמיִשע בעדײַטוּנג פוּן דיִ אַריִסטאָקראַטען — איִז וואָס ווײַטער געוואָרען אַלץ קלענער, ווערענד דיִ אויסגעשלאָסענע זענען איִמער געוואָרען רײַכער אוּן גרעסער איִן צאָהל. ערד־אַרבײט איִז שוין מעהר ניִט געווען דער עקאָנאָמיִשער פוּנדאַמענט פוּן דער שטאָדט; האַנדעל אוּן געווערב האָבען אָנגעפאַנגען צוּ שפּיִלען דיִ ערשטע ראָלע; דיִ עקאָנאָמיִשע מאַכט איִז אַריִבער פוּן דיִ לאַנד־אײגענטיִמער צוּ דיִ קויפלײט אוּן האַנדווערקער. אוּן וואָס ווײַטער האָבען זיִך אָט דיִ בײדע קלאַסען געפיִהלט אַלץ שטאַרקער; אוּן וואָס שטאַרקער זײ האָבען זיִך געפיִהלט, אַלץ מיִט מעהר אוּנצוּפריִעדענהײט האָבען זײ אַריִבערגעטראָגען זײער רעכטלאָזיִגקײט, אַלץ שאַרפער האָבען געקעמפט דיִ פלעבײער (ניִעדריִגעס פאָלק, המון) געגען דיִ פריִוויִלעגיִען, דאָס הײסט דיִ גרעסערע רעכטע פוּן דיִ פּאַטריִציִער (מיוּחסים). דיִ פּאַטריִציִער זענען געווען געצוואוּנגען נאָכצוּגעבען זײ אײן פאָדערוּנג נאָך דער אַנדערער: דיִ פלעבײער האָבען בעקוּמען דאָס רעכט צוּ נעהמען אַן אַנטײל איִן דער שטאָדט־פערוואַלטוּנג. וואָס פאַר אַן אַנטײל זײ האָבען גענוּמען — דאָס האָט זיִך געווענדט אָן דעם: ווער פוּן דיִ בײדע קלאַסען עס איִז געווען שטאַרקער. אָפט מאָל פלעגט טרעפען, אַז דיִ פערזאַמלוּנג וואָס איִז געווען דיִ העכסטע איִנסטאַנץ איִן אַלע געזעצליִכע ענינים, וואָס האָט ניִט בלויז אַרויסגעגעבען געזעצע, נאָר פלעגט אויך אויסקלײבען בעאַמטע אוּן פלעגט פיִהרען דאָס געריִכט, איִז וויִעדער געוואָרען, וויִ אַ מאָל, אַ פערזאַמלוּנג פוּן'ם גאַנצען פאָלק.

דער גלענצענדסטער בײַשפּיִעל וואוּ אַזאַ דעמאָקראַטיע

(פאָלקסרעגירונג) האָט אויפגעלעבט אויף אַ נייַעם באָדען, האָט פאַרגעשטעלט די אַלט גריכישע שטאָדט אַטהען, וואָס איז געוועזען דער מיטעלפונקט פון אַ גרויסען שטאַאַט.

צו וואָס זשע האָט געפיהרט אָט די דירעקטע פאָלקס־געזעצגעבונג?

די פערוואַלטונג פון אַ גרויסען שטאַאַט האָט געפאָדערט די בעקלערונג און לעזונג פון אַ מאַסע סאַמע פערשיעדענע פראַגען. די שטאָדט אַטהען האָט בעוויזען, אַז זי איז פאָלקאָם פעהיג אָט צו דער ראָלע, נאָר זי האָט געמוזט אָבגעבען דאַרויף כמעט די גאַנצע צייַט.

דער נאַטירליכער פועל יוצא דערפון איז געוועזען, אַז די פאָליטישע מאַכט איז אַריבער פאַקטיש נאָר צו יענע בירגער, וואָס זענען געווען אים שטאַנדע אָבצוגעבען זייער גאַנצע צייַט די שטאַאַטס־ענינים. צו די דאָזיגע בירגער האָבען ניט בעלאַנגט ניט די אַרומיגע פויערן, כאָטש זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו נעהמען אַן אַנטייל אין די ענינים פון'ם שטאַאַט, ניט די פרייַע שטאָדטיגע אַרבייטער. די רעגירונג פון'ם שטאַאַט, די געזעצ־געבונג און די העכסטע געריכטליכע מאַכט זענען אַרייַנגעפאַלען אין די הענד פון יענע בעפעלקערונגס־עלעמענטען, וואָס האָבען געלעבט אויף דעם רעכנונג פון אַנדערע: אין די הענד פון די רייַכע און אָרעמע פאַראַזיטען *), די לאַנדאייגענטומער, גרויסע קויפלייט און פאַבריקאַנטען **) פון איין זייַט און די „באָסיאַקעס", די לומפענפראָלעטאַריער — פון דער אַנדערע.

די לומפענפראָלעטאַריער, וואָס האָבען אייגענטליך ניט געהערט צו קיין קלאַס, האָבען ניט געהאַט קיין אייגענע קלאַסען־אינטערעסען, די פאָליטישע מאַכט אין זייערע הענד האָט ניט

*) קליינע חיה'לאַך וואָס לעבען אויף דעם קערפער פון אַנדערע חיות; מענשען וואָס לעבען אויף יענעמ'ס רעכנונג.

**) אין אַטהען איז געווען אַסך פאַבריקען, אויף וועלכע עס פלעגען אַרבייטען שקלאַפען. איין מאָל בשעת אַ מלחמה זענען אַנטלאָפען פון אַטהען ניט ווייניגער פון 20 טויזענד שקלאַפען. דאָס גרעסטע טייל פון זיי זענען געווען פאַבריק־אַרבייטער.

געקענט מאַכען, אַז די פּאָליטיק פון'ם שטאַאַט זאָל זיך פיהרען אין די אינטערעסען פון אַ וועלכען עס איז בעזונדער קלאַס. זיי פלעגען אויסנוצען די מאַכט בלויז פאַר זייערע פּערזענליכע צייטליכע אינטערעסען, די באַסיאַקעס פלעגען אויסנוצען די פּאָליטישע מאַכט נאָר צו פערקויפען זי דעם וועם עס צאָהלט מעהר, דאָס הייסט די רייכע, וואָס פלעגען בעקומען די שטימען פון דעם דאָזיגען פאָלק דורך דעם וואָס זיי פלעגען מאַכען פאַר זיי הוליאַנקעס, צירק-פאָרשטעלונגען און טיילען זיי נדבות, אַזוי ווי אין רוים. נאָר דאָ זענען די פאָרשטעלונגען געווען פון אַ אַנדער מין. די מיטלען צו דעם אַלעם האָט געשאַפט די ווירטשאַפט וואָס איז געווען געבויט אויף שקלאַפעריי.

די מיטלערע קלאַסען האָבען אָבער געשטרעבט אָבצונעהמען ביי די רייכע די מעגליכקייט אויסצונוצען די שטימען פון די לומפענפּראָלעטאַריער און זיי אַליין, די לומפענפּראָלעטאַריער, האָבען אויך געשטרעבט צו שטעהן אין דיענסט ניט ביי איינ-צעלנע מענשען, נאָר דירעקט ביי דעם שטאַאַט. דאַריבער האָט מען איינגעפיהרט אַז די וואָס האָבען גענומען אַנטהייל אין כלל-זאַכען — אין געריכטס-פערזאַמלונגען, אין פאָלקס-פערזאַמלונגען און זאָגאַר פאַר בעטייליגען זיך אין פאָרשטעלונגען און הוליאַנ-קעס, זאָלען בעקומען דערפאַר בעצאָהלט.

פון וואַנען זשע האָט מען גענומען מיטלען אויף צאָהלען זיי?

ערשטענס פון דעם נאַלאָג וואָס מען האָט אַרויפגעלעגט אויף די רייכע, דאָס הייסט פון דער אַרבייט פון זייערע שקלא-פען, וועלכע זענען דאָ ווידער אַרויסגעטראָטען אַלס די שפּייזער פון זייערע הערשער; צווייטענס — פון די שכירות וואָס האָבען געצאָהלט די אַנדערע געמיינדען וועלכע זענען געווען אונטערטהעניג דעם אַטהענישען שטאַאַט.

נאָר דאָס האָט געדויערט ניט לאַנג. בשעת דער אַטהע-נישער שטאַאַט איז געווען אין פליאָר און האָט דערגרייכט די העכסטע מאַכט איז געוואָרען אַ מאָדע, אַז ווען די אַטהענישע שטאַאַטס-מענער האָבען געוואָלט בעקומען חן ביי דעם פאָלק האָט

מען קאָנפיסקירט די איינגענומענע לענדער און געגעבען זיי א מתנה איינצעלנע פערזאָנען. די קאָנפּיסקירטע ערד האָט מען צוטיילט אויף בעשטימטע חלקים און מען האָט זיי אװעקגעשענקט איינצעלנע אטהענישע בירגער. װען מען האָט דערמיט געמיינט מאַכען די אָרעמע בירגער פאַר פויערן, האָט מען אויסגעקליבען דערצו ניט קיין פאַסענדען מיטעל. די באָסיאַקעס האָבען בעסער געװאָלט פיהרען א גרינגען פרעהליכען לעבען אין אטהען װי צו האָרעװען אין שװײס אַרום דער ערד אין דאָרף. זיי איז בעסער געװען געפעלען צו בלייבען אין אטהען און די ערד װאָס מען האָט זיי איינגעטיילט, האָבען זיי פערדונגען אין אַרענדע דעם פריהערדיגען איינגענטימער. די דאָזיגע ערד־מתנות זענען אַלזאָ געװען א מיטעל איינצוטיילען די לומפּען־פּראָלעטאַריער מיט שקלאַפען װאָס האָבען אויף זיי געאַרבייט. דער דאָזיגער אינסטיטוט גיט אונז גוט צו פערשטעהן, פאַר װאָס האָבען די אטהענער זיך אַזוי געיאָגט איינצונעהמען פרעמדע לענדער, דערפון גופא פערשטעהען מיר: פאַר װאָס האָבען די איינגענומענע פעלקער געפּיהלט אזא האס צו אטהען. אָט אַזוי זענען קינסטליך בעשאַפען געװאָרען נייע מאַסען לומפּענפּראָלעטאַריער.

איידער עס איז ענטשטאַנען אַ געדונגענער פּראָלעטאַריאַט, האָט די דעמאָקראַטיע זיך געשיטצט אויף די מיטעלע אַרבייטענדע קלאַסען — אויף די פויערן און האַנדװערקער. דער לומפּען־פּראָלעטאַריאַט האָט אימער פערקױפט זיינע רעכטע און פרייהייטען, ניט האָבענדיג קיין מאָל דעם מוט אַרויסצוטרעטען אין אַן ערנסטען קאַמפּף פאַר זיי; דאַריבער, װי נאָר ער האָט אָנגעהויבען צו בילדען די גרויסע מאַסע פון דער אַטהענישער בעפעלקערונג, האָבען די פאָלקס־פרייהייטען געמוזט פערשװינדען.

װי בעװאוסט איז אויף דעמזעלבען װעג געשעהן די ענטװיקלונג פון רוים.

אָט אַזוי געפינען מיר אויך דאָ אַז די דירעקטע פאָלקס־געזעצגעבונג — איז געװען געבױט אויף פרעמדע אַרבייט: אין דער פעריאָדע פון׳ם באַרבאַרענטום — אויף דער פרוי׳ס אַרבייט, אין דער ציװיליזאַציאָנס־פעריאָדע — אויף דער אַרבייט פון שקלאַפען

און האלב־פערשקלאפטע פויערן. און פונקט אזוי ווי די א״ר־אלטע אלגעמיינע פרייהייט איז איבערגעגאנגען אין דעספאטיזם, האט דערזעלבער דעספאטיזם פערנומען דעם פלאץ פון די שטאדטיגע דעמאקראטיען, וואס האבען שפעטער אויפגעלעבט.

# IV.

## די פארשטעהער־סיסטעם.

עטוואס ענליכעס צו א פארשטעהער־אינסטיטוט (א געזעץ־געבענדע פערזאמלונג וואס בעשטעהט ניט דירעקט פון'ם פאלק נאר פון זיינע אויסגעקליבענע פארשטעהער) האט שוין עקסיסטירט אין די גאר אלטע צייטען, נאך אין דער פעריאדע פון'ם בארבא־רענטום. ווי נאר דאס געביעט פון די געזעלשאפטליכע ענינים איז געווארען גרעסער און האט ארומגעכאפט גרויסע בעפעלקערונגס־קרייזען איז שוין געווארען אונמעגליך פאר יעדען איינעם צו נעהמען אליין אן אנטהייל אין די כלל־זאכען. איינפאכער איז געוועזן: אנשטאט דער פערזאמלונג פון אלע פעראינטערעסירטע, זאל זיין ארגאניזירט א פערזאמלונג בלויז פון א קליינע צאהל פון זייערע פארשטעהער.

אזוינע פערזאמלונגען געפינען מיר שוין צום ביישפיעל ביי די איראקעזער — די פערצייטיגע שבטים פון די היינטיגע פער־איינגטע שטאאטען. נאר צווישען א היינטיגען פארלאמענט און אט די פערזאמלונגען פון פארשטעהער איז אן אונגעהייערער אונטערשיעד; דער אונטערשיעד בעשטעהט ניט בלויז אין דער אויסערליכער ארגאניזאציע, נאר אויך אין זייער עצם.

לאמיר נעהמען, צום ביישפיעל, די קאנפעדעראציע (שבטים־בונד) פון די איראקעזען. פון צייטליכע פערבינדונגען האט זיך ביסלעכווייז געבילדעט א פעסטע פעראייניגונג פון פינף שבטים מיט דעם צוועק צו פיהרען צוזאמען מלחמות. דער דאזיגער

פערבאַנד איז געווען צו גרויס, אַז איין פאָלקס־פערזאַמלונג זאָל קענען לעזען אַלע זיינע ענינים, און פון די עלטסטע פון אַלע פינף שבטים האָט זיך געבילדעט אַ קליינע דעלעגאַטען־פערזאַמלונג, וואָס האָט געפיהרט אַלע כלל־זאַכען פון דעם פערבאַנד. די דאָזיגע פערזאַמלונג האָט פון דעסטוועגען ניט געהאַט קיין הערשענדע מאַכט. זי האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו צווינגען די מינדערהייט צו פאָלגען זייער בעשלוס. יעדער עלטעסטער איז געווען דער פאָרשטעהער פון אַ שבט, ווי גרויס ער האָט ניט געמעגט זיין, און יעדער בעשלוס האָט בעקומען אַ מאַכט נאָר אין דעם פאַל ווען ער איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג. אַזאַ פערזאַמלונג, איז ניט געווען ענליך ניט אויף אַ געזעצגעבענדען פּאַרלאַמענט, ניט צום ביישפּיעל, אויף אַן אַל־וועלטליכען פּאָסט־קאָנגרעס. אין אַ היינטיגען פּאַרלאַמענט זענען די דעפּוטאַטען פאָרשטעהער פון אַלגעמיינע אינטערעסען, אַזוי איז וועניגסטענס אין דער טעאָריע, אויף די איראָקעזען־פערזאַמלונגען איז יעדער דעפּוטאַט געווען בלויז אַ פערטיידיגער פון די בעזונדערע אינטערעסען פון אַ איינצעלנעם שבט, וואָס האָט איהם געשיקט אין אָט דער פערזאַמלונג פון אַלע פינף שבטים.

פּונקט אַזוינע פאָרשטעהער־פערזאַמלונגען זענען ענטשטאַנדען אויך אין דער פעריאָדע פון דער ציוויליזאַציע, צוליעב דער פעראייניגונג פון זעלבסטשטענדיגע שטעדט און געמיינדען, אָדער פראָווינצען אין איין פערבאַנד. אַזוי איז געווען צום ביישפּיעל די שווייצער קאָנפעדעראַציע (בונד, פערבאַנד) פון די איינצעלנע קאַנטאָנען (פּראָווינצען). דאָרט אויף די קאָנפעדעראַציאָנס־פערזאַמלונגען האָבען די פאָרשטעהער פון די איינצעלנע קאַנטאָנען אַנפאַנגס געהאַט רעכט אַרומצורייזען בלויז וועגען די אַלגעמיינע ענינים פון דעם פערבאַנד, קיין שום בעשליסע וואָס זאָלען זיין אַ חוב פאַר אַלע קאַנטאָנען האָט מען ניט געמאַכט מיט אַ מעהרהייט פון שטימען; קיין איינציגער קאַנטאָן איז ניט געווען מחויב צו פאָלגען דעם בעשלוס, מיט וועלכען ער האָט ניט איינגעשטימט.

אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער, האָבען געטראָגען די

פערזאמלונגען פון פערשידענע קלאסען אין די אייראפעאישע מלוכות, אין דער צייט פון דער פעאדאלער ארדנונג אין מיטעלאלטער. אט די מאנארכישע מלוכות (אזוינע מלוכות וואו די מאכט איז אין דער האנד פון א קיסר, א מאנארך) האבען בעקומען נאך א בעשטימטער ארגאניזאציע. זיי זענען געווען א ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון די אלטע פאלקס-פערזאמלונגען, האטש זיי האבען נאך געהאט א פערדעראטיווען כאראקטער, נאר דער בונד צווישען די פעראייניגטע שטאמען, דער שטאם-בעוואוסטזיין האט שוין געפעהלט. איינצעלנע געמיינדען, אדער מארקען (ווי מען האט זיי דאן גערופען) זענען וואס ווייטער געווארען אלץ מעהר אבגעזונדערט איינע פון די אנדערע. מיר האבען געזעהן ווי אזוי עס זענען פערשוואונדען געווארען די פאלקס-פרייהייטען, אז די שבטים האבען אויפגעהערט צו פיהרען א וואנדער-לעבען און האבען זיך בעזעצט יעדערער אויף איין ארט האבען זיך די שבטים און פאמיליען-פערזאמלונגען פערוואנדעלט אין שטאאטליכע, פראווינציעלע און לענדליכע פערזאמלונגען, אט די פערזאמלונגען זענען ביי דער פעאדאלער ארדנונג ניט פערניכטעט געווארען. זיי פלעגען זיך נאך אלץ צונויפקליבען אויסצוועהלען בעאמטע אום צו פערהאנדלען און לעזען געזעלשאפטליכע ענינים, מאכען פשרות אין פאל פון סכסוכים. נאר די צאהל פרייע מענשען, וואס האבען געהאט דאס פאלקאמענע רעכט צו בעטהייליגען זיך אין אט די פערזאמלונגען, איז געווארען אלץ קלענער, און צוזאמען דערמיט איז נאך ווינציגער געווארען די צאהל פון די בירגער, וואס האבען געהאט די פאקטישע מעגליכקייט צו נעהמען אין זיי אן אנטהייל.

אין פראנקרייך האט יעדער פרייער יונגער מאן וואס איז געקומען אין צייטיגע יאהרען געהאט רעכט אנטהייל צו נעהמען אין די אלגעמיינע שטאאטס-פערזאמלונגען.

אבער, אין אמת, זענען געווען אויף די פערזאמלונגען בלויז די גייסטליכע און דער אדעל וואס דער קעניג האט מיטגענומען, אדער געלאדען זיי; פון די איבריגע פרייע בירגער זענען דערביי געווען אויף די פערזאמלונגען נאר די וואס האבען געוואהנט

נאָהנט אין די אַרומיגע געגענדען, אָדער די וואָס האָבען געהאַט אַרויסצוזאָגען עפּעס אַ בעזונדער פערלאַנג.

ענדליך האָבען איינפאַכע מענשען אין גאַנצען אויפגעהערט צו בעזוכען אָט די פערזאַמלונגען, דעם קעניג האָט דאָס ווענעג געאַרט; פאַר איהם איז בלויז וויכטיג געווען, אַז יענע זאָלען זיין, וועמעס שטימע עס האָט געהאַט אַ בעדייטונג, פון וועמען ער איז ווירקליך געוועזען אַבהענגיג; דאָס זענען די גרויסע פריצים, די בישאָפען (אויבער־גלחים) און אַבאַטען (גלחים), די הערצאָגען און גראַפען.

די שטאַאַטליכע און לענדליכע פערזאַמלונגען אין פער־שידענע קריסטליכע דייטשע מלוכות, זענען וואָס ווייטער אַלץ מעהר געוואָרען איינפאַכע פריצים־פערזאַמלונגען אין די פּאַלאַצען פון די קעניגע און פירשטען וואָס האָבען געהאַט אַ הערשענדע מאַכט. די בעדייטונג פון אָט די פערזאַמלונגען, איז געפאַלען; זיי האָבען פערלאָרען דאָס רעכט אויסצוקלויבען שטאַאַטס־בעאַמ־טע, דען די שטעלען פון די דאָזיגע בעאַמטע זענען איבער־געגאַנגען בירושה פון פאָטער צום זוהן, אָדער דער קעניג אַליין האָט דאַרויף געהאַט אַ דעה. די העכערע געריכטליכע אינסטאַנץ האָט געהאַט אַזוי פיעל צו טהון און די פראָצעסען זענען געווען אַזוי פערדרעהט, אַז די פריצים־פערזאַמלונגען זענען פונקט אַזוי וועניג געווען פעהיג צו פיהרען זי, ווי פריהער די פאָלקס־פער־זאַמלונגען. די געריכטליכע מאַכט איז דאַריבער וואָס ווייטער אַלץ מעהר איבערגעגאַנגען אין די הענד פון ספּעציעלע ריכטער.

אָט די ריכטער האָבען צוזאַמען מיט געריכטליכע ענינים בעקומען אויך אַ גרויסען איינפלוס אויף אַרויסגעבען געזעצע. אַ שטרענגע גרענעץ צווישען דעם מאַכט פון ריכטער און געזעץ־אַרויסגעבער, איז נאָך ביז היינט ניט פעסטגעשטעלט. פריהער פלעגען די ריכטער משפּט'ען מעהרסטענטייל לויט די מנהגים; ווען דאָס געריכט האָט אָבער געדאַרפט פערהאַנדלען אַ זאַך וואָס איז זיי פאָרגעקומען דעם ערשטען מאָל, האָט דעם ריכטערס פסק געהאַט די זעלבע קראַפט וואָס אַ נייער געזעץ.

אויסער די טראַדיציעס (אַלטע מנהגים) פלעגען די געזעל־

שאַפטליכע פערהעלטניסע רעגולירט ווערען ניט דורך אַלגעמיינע געזעצען, נאָר דורך בעזונדערע קאָנטראַקטען צווישען פערשיעדענע געמיינדען אָדער פערזאָנען. די פריצישע פערזאַמלונגען האָבען דאַריבער קיין שום שייכות ניט געהאַט צו דער געזעצגעבונג.

ווען מען זאָל ענדליך נעהמען אין בעטראַכט, אַז די מלוכה, דאָס הייסט דער קעניג, פלעגט אויף אָט דער קולטורעלער שטופע בעקומען זיינע הכנסות ניט פון בעשטימטע נאַלאָגען פון די אונטערטהאַנען, נאָר פון זיינע לאַנד־גיטער, וועט אונז זיין לייכט צו פערשטעהן, אַז רעגולערע פערזאַמלונגען פון דעם אַדעל פון צייט צו צייט, איז וואָס וויַיטער אַלץ מעהר געוואָרען אַן אוננעטהיגע זאַך, אַלס אַן אויסנאַהמע פלעגט נאָר טרעפען אַ מאָל, אַז דער קעניג פלעגט צונויפרופען די פריצים, אָבער נאָר דאַן, ווען ער האָט געהאַט עפּעס פאָרצושלאָגען „זיין פאָלק” בעזונדערע ענינים און ער האָט פערלאַנגט אַז דער אַדעל זאָל איהם מיטהעלפען.

די לאַנדספערזאַמלונגען האָבען אויף דאָס ניי אָבגעלעבט, ווען די שטעדט האָבען אויפגעבליהט, זינט די קרייץ־ציגע (מסעי־הצלב). האַנדעל און מלאכות האָבען זיך ענטוויקעלט, עס זענען ענטשטאַנען זעהר אַ סך שטעדט, וועלכע זענען שנעל געוואָרען שטאַרקע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס; אַנדערע שטעדט האָבען ביי גוטע אומשטענדען דערגרייכט אַזאַ ענטוויקלונג, אַז זיי זענען געוואָרען זעלבסטשטענדיגע רעפּובליקען. זיי האָבען ניט בלויז אַראָבגעוואָרפען פון זיך יעדע אַבהענגיקייט פון אַן אַנדערען, נאָר זענען געוואָרען, פּונקט ווי איינציגע שטאָדטיגע רעפּובליקען פון'ם אַלטערטום — צייטענווייז זעהר מעכטיגע הערשער איבער אַ גרויסען שטאַאַט. מיר וועלען אָנווייזען האָטש אויף דער רעפּובליק ווענעדיג. אָבער דאָרטען וואו די שטעדט האָבען ניט דערגרייכט צו אַזאַ מאַכט, זענען זיי פאָרט געווען אַ קראַפט וועלכער מען האָט ניט געקענט אַוועקמאַכען אונטערן האַנד. מיט דער צייט איז פאַר דעם רעגירענדען פירשט געוואָרען נעטהיג צו האַלטען זיך עצות מיט די פאָרשטעהער פון די שטעדט, אַזוי ווי מיט די פריצים — אין אַלע וויכטיגע ענינים, ווען ער האָט געוואָלט זיין פערזיכערט אין דער הילף וואָס איהם איז נעטהיג געווען.

אָט אַזוי האָט יעצט אין די העכערע פערזאַמלונגען אָנגעהויבען צו נעהמען אַן אַנטהייל נאָך איין עלעמענט אָדער זאָגאַר צוויי נייע עלעמענטען: די שטאָדטיגע פאָרשטעהער און די גייסטליכע. דען חאָטש די גייסטליכע פלעגען פריהער אויך צוגעלאָזען ווערען אויף די פערזאַמלונגען פון דעם אַדעל, נאָר זיי האָבען זיך ביז אַהער מיט זיי ווייניג אינטערעסירט. זיי האָבען געהאַט אַנדערע וועגען ווי אַזוי צו פערטיידיגען זייערע אינטערעסען אין דעם שטאַאַט, אַ חוץ דעם בעטיידיגען זיך אין די פערזאַמלונגען פון די פריצים. אַז די שטאָדטיגע דעפּוטאַטען זענען אַריין אין די פערזאַמלונגען האָט אין זיי ערוואַכט אַ נייער לעבען; דאַן האָבען די גייסטליכע אָנגעהויבען זיך שטאַרקער מיט זיי צו אינטערעסירען.

אָט אַזוי זענען די דאָזיגע רעפּרעזענטירטען-פערזאַמלונגען (פאָרשטעהער-פערזאַמלונגען) געוואָרען פערזאַמלונגען פון פערשידענע קלאַסען. זיי האָבען דערביי אָנגענומען די סאַמע פערשידענע פאָרמען. צייטענווייז האָבען דער אַדעל מיט דער גייסטליכקייט געבילדעט איין פּאַלאַטע און די שטאָדטיגע דעפּוטאַטען — די אַנדערע; אָפטמאָל פלעגען דער אדעל און די גייסטליכקייט זיצען יעדערע בעזונדער, — דאַן פלעגען זיין דריי פּאַלאַטען; אָפט פלעגען אפילו די פריצים גופא צוטיילען זיך אויף העכערע און נידריגערע, דערביי פלעגען די נידריגערע פון'ם אַדעל זיצען צוזאַמען מיט די שטאָדטיגע. עס פלעגען פאָרקומען זאָגאַר איינצעלנע פאַלען, ווען די פויערען פלעגט געראָטען צו בעפרייען זיך פון זייערע פּאָדאַטקעס צו דעם פריץ, ווערען פרייע דאָרפלייט און בעקומען אַ מאַכט, וועלכע מען האָט אויך ניט געקענט אַוועקמאַכען אונטער'ן האַנד, דאַן פלעגט מען אין די פערזאַמלונגען צוציהען אויך דעפּוטאַטען פון פויערען, וואָס פלעגען זיצען, ענטוועדער צוזאַמען מיט די שטאָדט-לייט, אָדער האָבען געבילדעט אַ בעזונדער פערטע קלאַסע.

אָט די קלאַסען-פערזאַמלונגען האָבען שנעל בעקומען אַ מאַכט און בעדייטונג. דען וואָס מעהר עס האָט זיך ענטוויקעלט האַנדעל און האַנד-ווערקשאַפט, אַלץ ווייניגער האָבען געקלעקט

די הכנסות פון די לענדער וואס האבען בעלאנגט צום קעניגרייך אויף צופריעדענשטעלען די בעדערפענעש פון'ם שטאאט, די צאהל פון די ריכטער וואס האבען גענומען געהאלט, מעהרסטענטיילס רוימישע יוריסטען — איז יעצט געווארען אלץ גרעסער, צוזאמען מיט די העכערע געריכטס־אנשטאלטען, זענען איבערגעגאנגען אין זייערע הענד די נידריגערע סודען. צו דערזועלבער צייט, אונ־געפעהר אין דעם 14־טען יאהר־הונדערט, האט מען אנגעהויבען איינצופיהרען געדונגענע מיליטער. סוד און מלחמה — וואס זענען דאמאלס געווען די הויפטאויפגאבען פון דער שטאאטליכער מאכט, האבען געקאסט אימער טייערער; עס האבען אויך געוואק־סען די הוצאות אויף לוקסוס, וואס האבען ארומגערינגעלט די פירשטליכע הויפען. אויף די לוקסוס האט מען געדארפט האבען געלד און אסך. און וואס מעהר זיי האבען פער־שווענדעט, אלץ גרעסער איז געווארען זייער נויט.

די אונגליקליכע האבען אויסגעפרובירט פונקט אזוי ווי אונזערע גרויסע פריצים, אלערליי מיטלען צו בעפרידיגען זייערע בעדערפענעש. דער איינפאכסטער מיטעל איז געווען זובען א הלואה. נאך מיטלען זענען געווען: מאכען אן אנזעץ, נאכ־מאכען פאלשע געלד, ראבירען רייכע בירגער, בעזאנדערס — רייכע יודען *), און ז. וו.

נאר אט די אלע זייטיגע הכנסות פון דער פינאנץ־פאליטיק, חאטש זיי פלעגען אריינטראגען גוטע „פרנסה", האבען זיי פונ־דעסטוועגען פארט ניט געקלעקט אויף דעקען די הוצאות פון דער מלוכה און די הוצאות אויף אויסהאלטען דעם הויף. עס איז אלץ געווארען נעטהיגער צוצוציהען די גאנצע מאסע „אונטערטהאנען" צו בעטייליגען זיך אין די אויסגאבען וואס עס האט געקאסט

*) האנד אין האנד מיט דער דאזיגער פירשטליכער רויבער־פאליטיק איז בעשאפען געווארען — כדי ארויסצונעהמען זיך א מוסר — די אונגלויבליך גרוזאמע בלוטיגע געזעצגעבונג געגען קליינע רויבער און גנבים אין זאגאר געגען בעטלער און ארבייטסלאזע. די גרויסע גנבים זענען ניט נאר געווען פריי, זיי פלעגען אליין אין'ם נאמען פון גערעכטיגקייט — הענגען און פייניגען קליינע גנבים.

אויסהאַלטען דעם שטאַאט; אָט דאַמאָלס האָט מען אויסגעקלערט די געלד־שטייערן.

דאָך האָבען די הערשער ניט בעקומען די שטייערן, וואו זיי האָבען ניט נאָכגעגעבען אין פערשידענע זאַכען די אונטערטהאַנען. פון די אונבעוואָפּענטע פויערן האָט מען געקענט רייסען די הויט וויעפיעל די האַרץ האָט געגלוסט; נאָר די מעכטיגע קלאַסען, וואָס האָבען געהאַט זייערע פאָרשטעהער אין די פערזאַמלונגען, האָבען זיי זיך געמוזט אונטערגעבען. אָפט מאָל פלעגט קומען דערצו, אַז די רעגירונג פון'ם שטאַאט איז פאַקטיש געוואָרען אַבהענגיג פון די קאָמיטעטען וואָס די פערזאַמלונגען פלעגען אויסקלויבען; אין די הענד פון אָט די קאָמיטעטען פלעגט זיך אויך געפינען די מיליטערישע מאַכט.

אָט די פערזאַמלונגען פון פערשידענע קלאַסען, זענען געווען די פאָרגענגער פון'ם הייַנטיגען פּאַרלאַמענט; אָבער זיי זענען נאָך אימער אין אַ סך פּרטים געשטאַנען אויף דעמזעלבען באָדען וואָס די אויבען דערמאָהנטע דעלעגאַטען־פערזאַמלונגען פון די פעראייניגטע שבטים און שטאַאטען.

יעדער מיטגליעד פון דער פערזאַמלונג פלעגט קומען ניט אַלס פאָרשטעהער פון דער גאַנצער נאַציע (אָדער חאָטש פון אַ בעזונדער קלאַסע פון אָט דער נאַציע), נאָר אַלס פאָרשטעהער פון איין שטרענג בעשרענקטען פעראיין פון אַ בעשטימטען פּלאַץ, וואָס ער איז געווען זיין פאָרשטעהער. ער פלעגט זיין ענטוועדער אויסגעקליבען, אַלס דעפּוטירטער פון אַ שטאָדט אָדער פון אַ רעליגיעזען פעראיין, אָדער האָט געהאַט זיין פּלאַץ אין דער פערזאַמלונג בירושה פון זיין טאַטען, אָדער איהם האָט געהערט דער פּלאַץ צוליעב זיין סאָציאַלער לאַגע — אַלס גוטס־בעזיצער.

די פפליכטען פון יעדען איינצעלנען פעראיין, אָדער פון יעדער טעריטאָריע — צו דעם שטאַאט, זענען געווען פונקטליך בעשטימט דורך אַ בעזונדער קאָנטראַקט. קיין שום אַנדער פפליכט האָט מען ניט געקענט אַרויפלעגען אויף אַ געמיינדע, אָדער אויף אַ לאַנד, אָהן זייער איינשטימונג, אָדער אָהן דער איינשטימונג פון זייער הערן, אָדער פאָרשטעהער אויף דער פערזאַמלונג.

דאַריבּער האָט פון אָנפאַנג ניט עקסיסטירט אין די קלאַסען־פערזאַמלונגען אַז די מעהרהייט זאָל אונטערדריקען די מינדערהייט. אמת, אָפט פלעגט די פער'עקשנ'טע מינדערהייט דאַרפען זיין געגרייט, דערצו, אַז מען וועט איהר מיט געוואַלד צווינגען צו פעראייניגען איהר שטימע מיט דער שטימע פון דער מעהרהייט.

ווען אַ מיטגליעד פון דער קלאַסען־פערזאַמלונג, האָט דאָרט פערנומען אַ פּלאַץ ניט צוליעב זיין סאָציאַלער לאַגע, נאָר אַלס אויסגעקליבענער פאָרשטעהער פון אַ וועלכער עס איז טעריטאָריע, אָדער חברה, האָט זיין איינשטימונג געהאַט אַ קראַפט נאָר דאַן ווען די וואָס האָבען איהם געוועהלט האָבען דאָס בעשטעטיגט. די גלחים האָבען געדאַרפט בעקומען די הסכמה פון זייער קהילה, די שטאָדטיגע דעפּוטאַטען — די איינשטימונג פון דעם ראַט, אָדער פון דער געמיינדע־פערזאַמלונג.

אויב אַז פון אָט די קלאַסען־פערזאַמלונגען זאָל זיך קענען ענטוויקלען דער היינטיגער פּאַרלאַמענט, אַז פון חברות־ אָדער קהילות־פערזאַמלונגען — זאָל ווערען אַ נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג, האָט פריהער פאַר אַלץ געמוזט ענטשטעהן אַ איינציגער שטאַאַט, אנשטאָט דעם מישמאַש פון געמיינדען און חברות וואָס פון זיי איז אין מיטעל־אַלטער בעשטאַנען דער שטאַאַט, און דאַן האָט די שמאָלע אָבגעזונדערטקייט פון אָט די קליינינקע געזעלשאַפט־ליבע אָרגאַניזאַציעס געמוזט אָבטרעטען דעם פּלאַץ פאַר דער נאַציאָנאַליטעט.

אָט די נאַציאָנאַליטעט איז בעשאַפען געוואָרען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־פאָרם.

---

